רוססלענדער סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרבייטערפּאַרטיי.

# די רעזאָלוציע פֿון V צוזאמענפֿאהר

## פון „בונד" וועגען דער לאגע פון „בונד" אין דער פּארטיי פאר'ן בית-דין פון די פאטריאטען פוי דער „איסקרא'שער" פירמע.



אַרויסגעגעבען פֿון

אַללגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד

אין ליטא, פּוילען און רוססלאַנד.




לאנדאן

דרוקעריי פֿון אַללגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד („בונד").

אָקטאָבער 1903 יאָהר.

# די רעזאלוציע פון V צוזאמענפאהר פון בונד

## וועגען דער לאַגע פֿוי „בונד" אין דער פּאַרטיי

## פֿאַר'ן בית־דין פֿון די פּאַטריאָטען פֿון

## דער „איסקראַ'שער" פֿירמע.

אָנפֿאַנג יוני (אַלטער סטיל) 1903 יאָהר איז פֿאָרגעקומען דער פֿינפֿטער צוזאַמענפֿאָהר פֿון „בונד", אין וועלכען עס האָבען גענומען אַ'ן אָנטייל 30 מענשען: דעלעגאַטען פֿון צענטראַלען קאָמיטעט, אויס-לענדישען קאָמיטעט און די אָרטיגע קאָמיטעטען און אַנדערע אָרגאַ-ניזאַציעס.

דער צוזאַמענפֿאָהר האָט אָנגענומען די פֿאָלגענדע רעזאָלוציע ווע-גען דער לאַגע פֿון „בונד" אין דער רוסלענדער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אַרבייטער-פּאַרטיי, די רעזאָלוציע באַשטעהט פֿון סטאַטוטען-מאַקסימום און סטאַטוטען-מינימום.

## די סטאַטוטען-מאַקסימום.

§ 1. דער „בונד" איז אַ פֿעדעראַטיווער טייל פֿון דער רוסלענדער סאָציאַלדעמאָקראַטישער אַרבייטער-פּאַרטיי.

§ 2. דער „בונד" איז אַ סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט, וועלכע איז ניט בעשרענקט אין איהר טעטיגקייט מיט קיינע ראַיאָנע גרענעצען און געהט אַריין אין פּאַרטיי ווי זיין (דעם אידישען פּראָלעטאַריאַטס) איינציגער פֿאָרשטעהער, דערביי קען דאָס אַרויסטרעטען אין נאָמען פֿון גאַנצען פּראָלעטאַריאַט פֿון אַ באַשטימטער טעריטאָריע, אויף וועלכער אויסער אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס געהען אַריין אין פּאַרטיי, פֿיהרט זיין טעטיגקייט אויך דער „בונד", דערלאָזען ווערען נאָר מיט דעם אָנטייל פֿון „בונד".

§ 3. אין צענטראַלען קאָמיטעט, אויסלענדישען קאָמיטעט און אויף די צוזאַמענפֿאָהרען פֿון דער פּאַרטיי קלייבט אויס דער „בונד" זיין פֿערטרע-

טונג, וועלכע טרעט אַרויס ווי אַזעלכע אין די פּראַגען, אויף וועלכע עס פאַרשפּרייט זיך די קאָמפּעטענץ פון די צוזאַמענפאָהרען פון „בונד", דער אַרט, ווי אַזוי דער „בונד" דאַרף זיין פּערטרעטען, דאַרף זיין געגרינדעט אויף פּרינציפּען, גלייכע פאַר די צדדים, וועלכע טרעטען אַריין אין אָבמאַך.

## די קאָמפּעטענץ פון „בונד".

§ 4. די פּראָגראַמע פון „בונד" איז די אַלגעמיינע פּאַרטיי-פּראָגראַמע, צו וועלכער עה קען אין די פּראַגען, וואָס ווערען בעדינגט דורך דער באַזונדערער לאַגע פון אידישען פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד און דורך די געגענזייטיגע בעציהונגען, וואָס עקסיסטירען צווישען די געזעל-שאַפטליכע קרעפטען אין דער אידישער נאַציאָן גופא, צוגעגעבען פאַר זיך באַזונדערע פּונקטען, וועלכע ווידערשפּרעכען ניט דער פּאַרטיי-פּראָגראַמע.

§ 5. דער „בונד" האָט זיינע צוזאַמענפאָהרען צו בעשליסען אַלע פּראַגען, וועלכע ריהרען אָן ספּעציעל דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, זיין צענטראַלען קאָמיטעט און אויסלענדישען קאָמיטעט.

§ 6. דער „בונד" האָט דעם רעכט אויף'ן באַדען פון דער פּאַר-טיי-פּראָגראַמע בעשליסען אַזעלכע אַלגעמיינע פּראַגען, וועגען וועלכע די פּאַרטיי-צוזאַמענפאָהרען האָבען ניט אַרויסגעטראָגען קיינע רעזאָלו-ציעס, דיזע בעשלוסען האָבען נאָר אַ צייטיגע קראַפט: ביז די באַשטי-מונגען פון די אַלגעמיינע צוזאַמענפאָהרען איבער דיזע פּראַגען.

§ 7. דעם „בונד" געהערט די פולע פרייהייט אין דער פיהרונג פון די ענינים פון זיין אָרגאַניזאַציע.

§ 8. דער „בונד" האָט רעכט אַרויסצוגעבען אויסער ליטעראַטור אויף אידיש אויך ליטעראַטור אויף אַנדערע שפּראַכען, זיך ווענדען צו אַ פּראָלעטאַריאַט פון אַ'ן אַנדער נאַציאָן האָט דער „בונד" רעכט נאָר ווען אויף דעם זיינען איינשטימיג די אָרגאַניזאַציעס פון די ענט-שפּרעכענדע טיילען פון דער פּאַרטיי, צו דעם פּראָלעטאַריאַט פון גאַנצען לאַנד — נאָר מיט דער איינשטימונג פון צענטראַלען קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי.

אָנמערקונג. אום זיך צו ווענדען צום אידישען פּראָלעטאַריאַט, מוזען די צדדים, וואָס געהען אַריין אין אָבמאַך, האָבען די ערלויבעניש פון צענטראַלען קאָמיטעט פון „בונד".

§ 9. א) צוליב פּראַקטישע אונטערנעהמונגען האָט דער „בונד" רעכט אַריינצוטרעטען אין צייטיגע איבעראיינשטימונגען מיט רעוואָלוציאָ-

נערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע געהען ניט אַריין אין פאַרטיי, און וועגען וועלכע עס איז ניטאָ קיין ספעציעלער פֿערבאָט פֿון דעם פאַרטיי-צוזאַמענפֿאָהר, אָדער פֿון צענטראַלען קאָמיטעט פֿון דער פאַרטיי. וועגען יעדע אַזעלכע איבעראיינשטימונג מוז דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון „בונד" געבען צו וויסען דעם צענטראַלען קאָמיטעט פֿון דער פאַרטיי. דאָס אַרויסטרעטען צוזאַמען אין ליטעראַטור מיט. ניט קיין סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציעס קען ניט ווערען דערלאָזען.

§ 10. דער פאַרטיי-צוזאַמענפֿאָהר האָט רעכט אָבצושאַפֿען אַלע באַשטימונגען פֿון די צוזאַמענפֿאָהרען פֿון „בונד", אויסער די בעשלוסען, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרען אויף'ן פונקטליכען גרונט פֿון דיזער קאָנסטיטוציע. אויב דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון דער פאַרטיי זעהט איין אין וועלכער עס איז טאַט פֿון צענטראַלען קאָמיטעט פֿון „בונד" אַ ווידערשפּריך מיט די בעשלוסען פֿון די אַלגעמיינע צוזאַמענפֿאָהרען, האָט ער (דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון פּ.) רעכט צו פֿאָדערען פֿון איהם (צענטראַלען קאָמיטעט פֿון „בונד") אַ'ן ערקלערונג.

ווען עס איז נויטיג האָט דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון דער פאַרטיי רעכט אַריינצוטרעטען אין בעציהונגען מיט איינציגע טיילען פֿון „בונד" אָבער נאָר מיט דער איינשטימונג פֿון צענטראַלען קאָמיטעט פֿון „בונד". ווי עס דאַרפֿען ווערען געפֿיהרט דיזע בעציהונגען באַשטימט אין יעדען איינציגען צופֿאַל דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון „בונד".

§ 11. אַלע דאָ אויסגערעכענטע פונקטען רעכענען זיך פֿאַר די גרונדפּונקטען און זיי קענען ווערען איבערגעביטען, דערפֿילט און אָבגעשאַפֿט נאָר ווען אויף דעם זייגען געגענזייטיג איינשטימיג די צדדים, וועלכע טרעטען אַריין אין אָבמאַך.

דער אויבענגעבראַכטער פּראָיעקט פֿון אוסטאַוו דאַרף, נאָך'ן בעשלוס פֿון פֿינפֿטען צוזאַמענפֿאָהר פֿון „בונד", פֿאָרגעלייגט ווערען דעם צווייטען צוזאַמענפֿאָהר פֿון דער פאַרטיי, ווי אַ באַזיס (יסוד), צו באַטראַכטען די פֿראַגע וועגען דער לאַגע פֿון „בונד" אין דער פאַרטיי.

## די סטאַטוטען-מינימום.

§ 1. די לאַגע פֿון „בונד" אין פאַרטיי ווערט באַשטימט דורך די פֿאָלגענדע פונקטען *:

---

* וועגען דיזען פונקט האָט דער 5-טער צוזאַמענפֿאָהר באַשלאָסען, אַז יעדע פֿאָרמולירונג, וועלכע איז פֿערפֿאַסט אין זינען פֿון אַווטאָנאָמיע (למשל: „דער בונד איז אַ אַווטאָנאָמער טייל פֿון דער פאַר-

§ 2. דער „בונד“ איז אַ סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע פֿון אידישען פראָלעטאַריאַט, וועלכע איז ניט בעשרענקט אין איהר טעטיגקייט מיט קיינע ראַיאָנע גרענצען און געהט אַריין אין פאַרטיי ווי זיין (דעם אידישען פראָלעטאַריאַטס) איינציגער פֿאָרשטעהער.

§ 3. אין צענטראַלען קאָמיטעט, אויסלענדישען קאָמיטעט און אויף די צוזאַמענפֿאָהרען פֿון דער פאַרטיי קלייבט אויס דער „בונד“ זיין פֿערטרעטונג. דער אַרט, ווי אַזוי דער „בונד“ דאַרף זיין פֿערטרעטען, דאַרף זיין געגרינדעט אויף פרינציפען, גלייכע פֿאַר אַלע טיילען, וואָס געהען אַריין אין דער פאַרטיי.

אָנמערקונג. אָרטיגע און ראַיאָנע אָרגאַניזאַציעס ווערען אין דיזען הינזיכט ניט אָנערקענט ווי טיילען פֿון דער פאַרטיי.

§ 4. די פראָגראַמע פֿון „בונד“ איז די אַלגעמיינע פאַרטיי-פראָגראַמע.

§ 5. דער „בונד“ האָט זיינע צוזאַמענפֿאָהרען צו באַשליסען אַלע פֿראַגען, וועלכע ריהרען אָן ספּעציעל דעם אידישען פראָלעטאַריאַט, זיין צענטראַלען קאָמיטעט און אויסלענדישען קאָמיטעט.

§ 6. דעם „בונד“ געהערט די פֿולע פֿרייהייט אין דער פֿיהרונג פֿון די ענינים פֿון זיין אָרגאַניזאַציע.

§ 7. דער „בונד“ האָט רעכט אַרויסצוגעבען אויסער ליטעראַטור אויף אידיש אויך ליטעראַטור אויף אַנדערע שפראַכען*.

§ 8. דער פאַרטיי-צוזאַמענפֿאָהר האָט רעכט אָבצושאַפֿען אַלע באַשטימונגען פֿון די צוזאַמענפֿאָהרען פֿון „בונד“.

§ 9. ווען עס איז נויטיג האָט דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון דער

---

טיי“) דאַרף בשום אופן ניט אָנגענומען ווערען, דאָס הייסט די ניט אָנגעהמונג פֿון אַווטאָנאָמיע דאַרף זיין אַרויסגעשטעלט ווי אַ אולטימאַטום (פֿאַרקעהרט: די אָנגעהמונג פֿון פֿעדעראַציע איז נ י ט קיין אולטימאַטום).

* וועגען דיזען פונקט האָט דער 5-טער צוזאַמענפֿאָהר באַשלאָסען: אויב צום 7 § וועט זיין צוגעשטעלט אַ פונקט, וואָס באַגרענעצט די קאָמפעטענץ פֿון בונד: „זיך ווענדען צו אַ פראָלעטאַריאַט פֿון אַ'ן אַנדער נאַציאָן האָט דער „בונד“ רעכט נאָר ווען אויף דעם זיינען איינשטימיג די אָרגאַניזאַציעס פֿון די ענטשפרעכענדע טיילען פֿון דער פאַרטיי“ — דאַן מוז די פֿאָלגענדע אָנמערקונג זיין אַרויסגעשטעלט ווי אַ אולטימאַטום: „ווען די אַנדערע טיילען פֿון דער פאַרטיי ווענדען זיך צום אידישען פראָלעטאַריאַט, פֿאָדערט זיך די הסכמה פֿון צענטראַלען קאָמיטעט פֿון „בונד“. (אָרטיגע און ראַיאָנע אָרגאַניזאַציעס ווערען אין דיזען הינזיכט ניט אַנערקענט ווי טיילען פֿון דער פאַרטיי)“.

פאַרטיי רעכט אַריינצוטרעטען אין בעציהונגען מיט איינציגע טיילען פֿון „בונד", אָבער נאָר מיט דער איינשטימונג פֿון צענטראַלען קאָמיטעט פֿון „בונד".

§ 10. אַלע דאָ אויסגערעכענטע פונקטען רעכנען זיך פֿאַר די גרונד-פונקטען און זיי קענען ווערען איבערגעביטען, דערפֿילט און אָבגעשאַפֿט נאָר ווען אויף דעם זייגען געגענזייטיג איינשטימיג די טיילען, וואָס געהען אַריין אין פאַרטיי.

אָ מ ע ר ק ו נ ג. אָרטיגע און ראַיאָנע אָרגאַניזאַציעס ווערען אין דיזען הינזיכט ניט אָנערקענט ווי טיילען פֿון דער פאַרטיי.

(עס פֿאַרשטעהט זיך אַליין, אַז דער „בונד" איז מחויב צו פֿאָלגען אַלע באַשטימונגען פֿון צענטראַלען קאָמיטעט פֿון דער פאַרטיי, אויף ווי פֿיל זיי טראָגען אַ אַלגעמיין-פאַרטייאישען כאַראַקטער, און בכלל איז דער „בונד" מחויב צו פֿאָלגען אַלע אָרגאַניזאַציאָנע סטאַטוטען פֿון דער פאַרטיי חוץ, פֿאַרשטעהט זיך, יענע פונקטען, וועלכע ווערען אויסגעשלאָסען דורך די ספעציעלע סטאַטוטען, וואָס זיינען אָנגענומען פֿאַר'ן „בונד").



איצט אַ קורצע ערקלערונג צו די סטאַטוטען-מינימום. דיזע ערקלערונג איז נויטיג נאָך דעם, ווי „איסקראַ" האָט זיך באַנוצט מיט דעם וואָס אַזאַ ערקלערונג האָט געפֿעהלט, כדי צו פֿאַרדרייהען דעם ריכטיגען מיין פֿון דער רעזאָלוציע פֿון 5-טען צוזאַמענפֿאָהר פֿון „בונד".

דער 1 § שטעלט די פֿראַגע וועגען „בונד" אויף אַ ריין פראַקטישען גרונט. אויב עס קענען זיין פֿאַרשיידענע מיינונגען וועגען דעם, אויף וועלכע יסודות דאַרפֿען זיין רעגולירט די בעציהונגען צווישען „בונד" און די אַנדערע טיילען פֿון דער פאַרטיי, דאַרפֿען אין יעדען פֿאַל אַלע זיין איינשטימיג אין דעם, אַז די רעגולירונג פֿון דיזע בעציהונגען איז אַ פֿראַגע וועגען די פראַקטישע פֿאָדערונגען פֿון דער פראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע. דער שווער-פונקט פֿון דער פֿראַגע איז ניט אין דער פרינציפיעלער פֿאָרמולירונג, וועלכע איז אַרויסגעשטעלט אין אָנהייב פֿון די סטאַטוטען, נאָר אין זייערע קאָנקרעטע פונקטען, וועלכע זיינען אַרויסגעדרונגען פֿון דער בעטראַכטונג פֿון די באַדערפֿענישען פֿון דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג — פֿון איין זייט און פֿון די באַדערפֿנישען פֿון דער באַוועגונג בכלל — פֿון דער אַנדערער זייט. אַזאַ אַוועקשטעלונג פֿון דער פֿראַגע, כאָטש אין עצם בייט דאָס גאָרנישט ניט איבער, מוז פֿון דעסטוועגען באַדייטענד פֿאַרגרינגערען די דערגרייכונג פֿון אַ פשרה. נעהמענדיג דאָס אין אָנבעטראַכט, האָט דער 5-טער צוזאַמענ-

פֿאָהר פֿון „בונד“ באַשלאָסען, גאָר ניט אָבזאָגענדיג זיך פֿון פֿעדעראַ-
ציע, אַלס פֿון דער בעסטער פֿאָרמע פֿון בעציהונגען צווישען די טיילען
פֿון דער רוסלענדישער פּאַרטיי, צו פֿאָרמולירען דעם § 1 אַזוי, אַז ער
זאָל ניט זיין אַ ערקלערונג פֿון אַ באַשטימטען אָרגאַניזאַציאָנעם פּרינציפּ,
אָבער דערפֿאַר אויך אָבצואוואַרפֿען יעדע פראָבע ווידער איינצופֿיהרען
אין די סטאַטוטען אַ אָרגאַניזאַציאָנס-פּרינציפּ אין דער פֿאָרמע פֿון אַווּ-
טאָנאָמיע.

§ 2. אַזוי ווי די אויפֿגאַבע פֿון בונד איז אָנצופֿיהרען דעם קאַמפּף
פֿון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט און ניט פֿון די אָדער יענע גרופּען
אידישע אַרבייטער, דעריבער דאַרף ער האָבען רעכט צו בילדען זיינע
קאָמיטעטען און אָרגאַניזאַציעס אומעטום, וואו עס געפֿינט זיך אַ אידי-
שע אַרבייטערמאַסע. אָבער פֿון דער אַנדערער זייט, אַזוי ווי דער אידי-
שער פּראָלעטאַריאַט איז ניט קאָנצענטרירט (צוזאַמענגעקליבען) אויף
איין באַשטימטער טעריטאָריע, נאָר ער געפֿינט זיך אין געדיכטע קאָמ-
פּאַקטנע מאַסען אין עטליכע ראַיאָנען — אין ל י ט א, פּ ו י ל ע ן, אין
צפֿון-מערב, דרום-מערב און דרום-ר ו ס ל אַ נ ד, דעריבער באַדייטעט דער
רעכט פֿון „בונד“ צו אַרבייטען אומעטום, וואו עס געפֿינט זיך אַ אידי-
שע אַרבייטערמאַסע — מיט אַנדערע ווערטער, — אַז זיין טעטיגקייט
קען ניט זיין איינגעשלאָסען אין אַ באַשטימטען ראַיאָן. יעדע אַנדערע
פֿאַרענגפֿערונג פֿון דער פֿראַגע וועגען „בונד“ פֿיהרט אין דער לעצטער
שורה צו זיין פֿאַרניכטונג. אין דער אמת'ן, לאָמיר זיך שטעלען אויף'ן
שטאַנדפּונקט פֿון „איסקראַ“ און לאָמיר אָננעהמען, אַז אין דרום-ר ו ס-
ל אַ נ ד „רעזאָרגאַניזירט“ דער „בונד“ די רייהען פֿון פּראָלעטאַריאַט.
דיזע „רעזאָרגאַניזאַציע“ קומט אַרויס דערפֿון, וואָס אין דרום-ר ו ס ל אַ נ ד
אַרבייטען די קאָמיטעטען פֿון „בונד“ נעבען די „רוסלענדער“ קאָמיטע-
טען. אַלזאָ, דער „בונד“ דאַרף זיך אָבטראָגען פֿון דרום-ר ו ס ל אַ נ ד.
אָבער צו קען מען פֿאַר איהם לאָזען יענעם ראַיאָן, וואו ער האָט זיך
אויסגעבילדעט און ענטוויקעלט, — ל י ט א און פּ ו י ל ע ן? נעהענטער
בעטראַכטענדיג דיזע פֿראַגע, דאַרף מען אויף דערויף ענטפֿערען—ניין.
אויב די עקסיסטענץ פֿון פֿאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס אין איינער און
דערזעלבער שטאָדט פֿיהרט טאַקי צו דעם, וואָס איין טייל אַרבייטער
ווערט אָבגעזונדערט פֿון די אַנדערע טיילען, דאַרף דאָס זיין ריכטיג ניט
נאָר אַנטקעגען דרום-ר ו ס ל אַ נ ד, נאָר אויך אַנטקעגען יעדען אַנדערען
אָרט. דעריבער דאַרף די פּאַרטיי שטרעבען, אויב זי שטעהט אויף די-
זען שטאַנדפּונקט, אָבצושאַפֿען יענע אָרגאַניזאַציאָנע פֿאַרשיידענאַרטיג-
קייט, וועלכע מיר געפֿינען אין ל י ט א און פּ ו י ל ע ן און בכלל אין
מערב-ר ו ס ל אַ נ ד. אָבשאַפֿען דיזע פֿאַרשיידענאַרטיגקייט, — אויב

מען זאָל צוגעבען, אַז מען קען דאָס בכלל אָבשאַפֿען, — קען מען אויף פֿאַרשיידענע אופנים. מען קען גאַנץ מערב-רוסלאַנד באַדעקען מיט אַ רייהע „רוסלענדישע" קאָמיטעטען; מען קען צושפּאַלטען מערב-רוס-לאַנד אויף עטליכע ראַיאָנען און צוטיילען זיי צווישען עטליכע אָרגאַ-ניזאַציעס, געבענדיג יערערער פֿון זיי דעם מאָנאָפּאָל צו אַרבייטען צווי-שען דער גאַנצער אַרבייטער-באַפֿעלקערונג פֿון איהר ראַיאָן; מען קען אויסקלייבען די שטאַרקסטע און לעבענס-פֿייהיגסטע קאָמיטעטען, אונ-אָבהענגיג פֿון די אָרגאַניזאַציעס, צו וועלכע זיי געהערען, און איבער-מאַכען זיי אין „רוסלענדישע", אַרויפֿלייגענדיג אויף זיי די פּפֿליכט צו אַרבייטען צווישען אַלע אַרבייטער פֿון דיזער שטאָדט אָהן אונטערשייד פֿון נאַציאָנאַליטעט. עס זיינען מעגליך אויך אַנדערע קאָמבינאַציעס (צוזאַמענשטעלינגען). נאָר ווי פֿאַרשיידענאַרטיג עס זאָלען ניט זיין דיזע קאָמבינאַציעס, איין זאַך איז קלאָר, אַז אין קיין איינע פֿון זיי איז ניטאָ אין קען ניט זיין קיין אָרט פֿאַר'ן „בונד", אַלס פֿאַר דער אָרגאַניזאַציע פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט. אַלזאָ נעהמענדיג אין בעטראַכט די צו-שפּרייטונג פֿון דער אידישער באַפֿעלקערונג אין רוסלאַנד, זיינען מעגליך נאָר צוויי פֿאַרענטפֿערונגען פֿון דער פֿראַגע וועגען „בונד": אַדער מען דאַרף פֿאַר איהם אַנערקענען דעם רעכט צו אַרבייטען או-מעטום, וואו עס געפֿינט זיך אַ אידישע אַרבייטער-מאַסע, און דאַן איז מעגליך זיין עקסיסטענץ און די וואייטערע ענטוויקלונג, אָדער פֿון זיין טעטיגקייטס-ראַיאָן דאַרף זיין אויסגעשלאָסען דרום-רוסלאַנד, און דאַן עפֿענט זיך די טיר פֿאַר די וואייטערע פֿאַרקירצונג אפילו פֿון יענעם ראַיאָן, וואו ער האָט זיך אויסגעבילדעט און ענטוויקעלט, ד. ה. עס הייבט זיך אָן די פֿאַרניכטונג פֿון „בונד".

דער „בונד" געהט אַריין אין דער פּאַרטיי אַלס דער איינציגער פֿאָרשטעהער פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט. דאָס נעהמט זיך פֿון יענער ראָלע, וועלכע דער „בונד" שפּילט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דער „בונד" האָט איבערגעמאַכט דעם נידערגעשלאָגענעם אידי-שען אַרבייטער אין אַ העלדישען און מסירת-נפש'דיגען קעמפּפֿער; דער „בונד" איז די איינציגע אָרגאַניזאַציע, וועלכע פֿיהרט אַ סיסטעמאַטישע אַרבייט צווישען די אידישע אַרבייטער, וועלכע ענטוויקעלט זייער פּאָליטישען און קלאַסען-באַוואוסטזיין און וועלכע האָט שוין צוזאַמענגעקליבען אונ-טער איהר פֿאָהן אַ היבשען טייל פֿון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט; דער „בונד" פֿאָרמולירט די ספּעציעלע פֿאָדערונגען פֿון אידישען פּראָלעטאַ-ריאַט און שטעלט זיי אין מיטעלפּונקט פֿון זיין אַגיטאַציע; דער „בונד" רעוואָלוציאָניזירט די אָפּאָזיציאָנערע עלעמענטען פֿון דער אידישער גע-זעלשאַפֿט און שטופּט זיי אויף'ן וועג פֿון פּאָליטישען קאַמפּף, און בכלל

שטעלט ער זיך אין שפּיגעל פֿון אַלע בעדריקטע שיכטען פֿון דער אידי-
שער באַפֿעלקערונג געגען דער זעלבסטהערשונג; דער „בונד“ פֿיהרט אַ
קאַמפּף מיט די נאַציאָנאַליסטישע שטרוימונגען אין אידישען פֿאָלק, וועל-
כע סטאַרען זיך צו באַקומען אַ ווירקונג אויף די מוחות פֿון די אַרביי-
טער; דער „בונד“ לייגט אַרויף זיין רעוואָלוציאָנערען שטעמפּעל ניט נאָר
אויף דעם אידישען לעבען, נאָר אויך אויף דעם לעבען פֿון יענע שטעדט,
וואו ער אַרבייט. דער „בונד“ איז די איינציגע אָרגאַניזאַציע, וועלכע
ערפֿילט מיט ערפֿאָלג די אויפֿגאַבע צו רעוואָלוציאָניזירען און אָרגאַניזי-
רען דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט און וועלכע מאַכט טיפֿע אומענדערונ-
גען אין דער פּסיכאָלאָגיע, אין גייסטיגען און מאָראַלישען געשטאַלט פֿון
אידען. וואָס איז אַלזאָ דער וואונדער, וואָס דער „בונד“ איז פֿאַקטיש
געוואָרען דער פֿאָרשטעהער פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט? „איסקראַ“
שרייט דאָ וועגען אַ „מאָנאָפּאָל“, אָבער איהר כעס גיסט זי אויס
ניט וואו מען בעדאַרף: זי דאַרף שיטען איהר פּעך און שוועבעל ניט
אויף׳ן „בונד“, נאָר אויף דער געשיכטע פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַ-
וועגונג, וועלכע האָט אויסגעשמידט דיזען „מאָנאָפּאָל“. דער „בונד“
קען אַריין אין דער פּאַרטיי נאָר אין דעם געשטאַלט, ווי ער איז אין דער
ווירקליכקייט; ווי באַלד אַז פֿאַקטיש שטעלט ער פֿאָר די אינטערעסען
פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט, מוז ער זיי — פֿאַרשטעהט זיך — אויך
פֿאָרשטעלען אין דער פּאַרטיי. וואָס איז נוגע אָן דעם וואָרט „דער איינ-
ציגער“, פֿאַרשטאַרקט דיזער וואָרט אפילו אויף אַ האָר אויך ניט דעם
געדאַנק פֿון דיזען פּונקט און איז אַריינגעשטעלט נאָר צוליב אַ גרעסערער
קלאָרקייט: אויב דער „בונד“ געהט אַריין אין דער פּאַרטיי אַלס דער פֿאָר-
שטעהער פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט, געהט ער דערמיט אַליין אַריין
אַלס זיין איינציגער פֿאָרשטעהער, ווייל צוויי פֿאָרשטעהער פֿון איינעם
און דעם זעלבען פּראָלעטאַריאַט אינעווייניג אין איין פּאַרטיי קען ניט זיין.

§ 3. דער אַרט, ווי אַזוי דער „בונד“ דאַרף זיין פֿערטרעטען,
דאַרף זיין געגרינדעט אויף פּרינציפּען, גלייכע פֿאַר אַלע טיילען, וואָס
געהען אַריין אין דער פּאַרטיי“. מיר וועלען דאָס ערקלערען מיט אַ בייש-
פּיל. אויב אין דער פּאַרטיי איז אָנגענומען די פֿערטרעטונג נאָך די
קאָמיטעטען נאָך, דאַרף דער יסוד פֿון דער פֿערטרעטונג פֿון „בונד“ אויך
זיין דער קאָמיטעט; אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אַז די פֿערטרעטונג
דאַרף זיין אַ גלייכע פֿאַר אַלע „טיילען“ פֿון דער פּאַרטיי. אויב, למשל,
פֿאַר יענעם „טייל“ פֿון דער פּאַרטיי, וועלכער שליסט איין אין זיך אַלע
רוסישע („רוסלענדישע“ — ווי „איסקראַ“ דריקט זיך אויס) קאָמיטעטען
איז אָנגענומען, אַז ער שיקט אויף׳ן פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָהר אַזוי פֿיל
דעלעגאַטען, ווי פֿיל ביי איהם איז קאָמיטעטען, קען זיין פֿאַר׳ן „בונד“

באַשטימט אַ'ן אַנדער פֿערהעלטניס: למשל, איין דעלעגאַט אויף יעדע צוויי קאָמיטעטען.

פֿון די איבעריגע פּונקטען נויטיגט זיך אין אַ ערקלערונג נאָר § 9. דער „בונד" געהט אַריין אין דער פּאַרטיי ניט אין דער פֿאָרמע פֿון באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס, נאָר ווי איין אָרגאַניזירטע גאַנצע, און דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי קען האָבען צו טאָן נאָר מיט דעם העכסטען אָנפֿיהרענדען און עקזעקוטיווען (אויספֿיהרענדען) אָרגאַן פֿון דיזע גאַנצע. פֿאַר די באַזונדערע קאָמיטעטען און אָרגאַניזאַציעס פֿון „בונד" עקסיסטירט נאָר איין פֿאָרם פֿון אונטערגעוואָרפֿענקייט, זיי זיינען ספּעציעל אונטערגעוואָרפֿען אונטער'ן צענטראַלען קאָמיטעט פֿון „בונד", ווי אונטער דעם העכסטען אָרגאַן, דער העכסטער אינסטאַנץ (אין דעם משך צווישען די צוזאַמענפֿאָהרען) פֿון יענע גאַנצע, אין וועלכע זיי געהען אַריין. דערלאָזען סיסטעמאַטישע בעציהונגען צווישען באַזונדערע טיילען פֿון „בונד" מיט דעם צענטראַלען קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי איז אונמעגליך, ווייל דאָס וואָלט געהייסען בּיסלאַכוויז אָבשוואַכען זייער פֿאַרבינדונג מיט'ן צענטער פֿון „בונד" און זיי איבער-מאַכען אין אויספֿיהרענדע, עקזעקוטיווע אָרגאַנען פֿון דעם צענטער פֿון דער פּאַרטיי; צו דעם זעלביגען רעזולטאַט וואָלטען אויך געפֿיהרט, כאָטש פֿיל לאַנגזאַמער, אויך צופֿעליגע בעציהונגען („אין פֿאַלען ווען עס איז נויטיג") צווישען די אָרגאַניזאַציעס פֿון „בונד" מיט דעם צענט-ראַלען קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי, אויב זיי קומען פֿאָר אָהן דעם וויסען און אָהן דער הסכּמה פֿון צענטראַלען קאָמיטעט פֿון „בונד". אי אין דעם ערשטען אי אין דעם צווייטען צווייטען פֿאַל ווערט דער „בונד" צוברעקעלט אויף באַזונדערע פּיצלאַך און הערט אויף צו עקסיסטירען ווי אַ אָרגאַניזירטע גאַנצע, ווייל עס איז ניטאָ קיין גאַנצע דאָרטען, וואו די טיילען זיינען אונטערגעוואָרפֿען אונטער אַ צענטער, וואָס שטעהט פֿון אויסענווייניג, און אויב אַזוי, איז שוין בעסער פֿאָרמאַל צו פֿאַרניכטען דעם „בונד", איידער איהם איבערצולאָזען אַלס אַ פֿיקציע*, וועלכע, ווי יעדער פֿיקציע, קען נאָר זיין שעדליך.

פֿון דער אַנדערער זייט האָט דער פּונקט, וועלכער איז פֿאָרמולירט אין § 9, אַ בעדייטונג פֿון אַ באַוואָרענונגס-שיבער געגען די אָרגאַני-זאַציאָנע אידעען פֿון „איסקראַ", וועלכע זיינען איצט די הערשענדע אין דער רוסישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע. דער עצם פֿון דיזע אידעען באַ-שטעהט אין דעם, אַז די פּאַרטיי דאַרף זיין געבויט אויף אַזאַ פּרינציפּ,

---

* אַ פֿ י ק צ י ע הייסט אַ זאַך וואָס געפֿינט זיך נאָר אין געדאַנק אָבער ניט אין דער ווירקליכקייט.

אַז דער צענטראַלער קאָמיטעט דאַרף זיין אומעטום פֿול: דער צענטראַלער קאָמיטעט דאַרף אַריינדרינגען אין אַלע קלענסטע ווינקעלאַך פֿון דער פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע, אַלץ טאָן, קאָנטראָלירען און אָנווייזען. דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי דאַרף האָבען די מעגליכקייט דערגעהן ביז דעם לעצטען מענשען פֿון דער פּאַרטיי, קאָנטראָלירען און פֿיהרען זיין טעטיגקייט. דאָס, פֿאַרשטעהט זיך, איז אַ פֿאַנטאַזיע, וועלכע קען בשום אופן ניט פֿאַרווירקליכט ווערען, און אויב אַזאַ פֿאַנטאַזיע וואָלט געבאָרען ווערען אין קאָפּ פֿון אַ מענשען, וועמעס שטימע האָט ניט קיין באַשטימענדע בעדייטונג אין דער אַרבייט פֿון דער פּאַרטיי, וואָלט מען איהר מעהר ניט ווי אויסגעלאַכט. נאָר ווען אַזאַ פֿאַנטאַזיע ווערט געבאָרען ביי אַ גרופּע, וועלכע פֿאַרנעהמט דעם מיטעל-פּונקט אין דער רוסישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, ווערט זי שוין געפֿעהרליך. עס איז זיכער, אַז דיזע פֿאַנטאַזיע וועט קיין מאָל ניט מקוים ווערען, אָבער עס איז אויך פּונקט אַזוי זיכער, אַז זי וועט באַשטימען די פּראַקטישע שטרעבונגען פֿון דער פּאַרטיי. אין שטעדרין'ס אַ ערצעהלונג האָט אַ געוויסער גובערנאַטאָר אַרויסגעלאָזען אין איין שיינעם פֿריהמאָרגען אַ באַפֿעהל צו די בויערן פֿון זיין גובערניע, אַז זיי זאָלען איבעראַקערען זייערע פֿעלדער און זאָלען פֿאַרזייען אָנשטאָט ברויט—ראָמיאַניק (ראָמאַשקע). דאָס איז געווען אַ משוגענע פֿאַנטאַזיע, וועלכע מען האָט בשום אופן ניט געקענט פֿאַרווירקליכען, ווייל דערצו האָבען געפֿעהלט קאָנקרעטע בעדינגונגען, אָבער דיזע פֿאַנטאַזיע איז אויסגעוואַקסען אין קאָפּ פֿון אַ מאַכט-האָבער, און דעריבער האָט זי זיך געמוזט אָברופֿען מיט שרעקליכע צרות אויף די בויערן. געגען אַזוינע משוגעת'ען מוז מען אַרויסשטעלען וועלכע עס איז באַוואָרענישען.

---

אין No 46 „איסקראַ" איז אָבגעדרוקט אַ'ן אַרטיקעל געגען „בונד", וועלכער צייכענט זיך אויס מיט די זעלביגע מעלות, וואָס כאַראַקטעריזירען בכלל די פּאָלעמישע שרייבעכצען פֿון דיזען אָרגאַן געגען „בונד": וועגען דעם עצם פֿון דער פֿראַגע איז דאָרטען ניט געזאָגט קיין איינציגער וואָרט, דערפֿאַר אָבער איז ער פֿול און פֿיל מיט איבערדרייענישען, פֿאַרפֿעלשונגען, זלזולים און בכלל מיט „שטאַרקע", פֿעפֿערדיגע ווערטלאַך, וועלכע באַווייזען די קראַפֿט און די „ענטשלאָסענקייט" פֿון דעם סטיל (דעם אַרט אויסדריקען זיך) פֿון דיזער צייטונג.

נעהמענדיג זיך פֿאַרנאַנדערצוקלייבען די געדאַנקען פֿון דיזען אַר-

טיקעל, פֿיהלען מיר אַ גרויסע שוועריגקייט: ווי פֿיל מיר האָבען זיך ניט געסטאַרעט, האָבען מיר אין דיזען אַרטיקעל ניט געקענט אָנכאַפּען קיין איין צענטראַלען געדאַנק. אמת, עפּעס איז דאָרטען פֿאַראַן, צו וואָס די באַווייז-פֿיהרונג (אַרגומענטאַציע) פֿון אַווטאָר קעהרט זיך אַלץ ווי-דער אום: דאָס איז דער באַקאַנטער „איסקראַ'שער" שפּריכווערטעל וועגען דעם „סעפּאַראַטיזם* פֿון בונד", אָבער וועגען דיזען שפּריכווערטעל איז שווער זיך צו ערלויבען צו זאָגען, אַז ער טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּעל פֿון אַ וועלכען עס איז געדאַנק. אָט דעריבער ווערט אונזער אַרטיקעל זיין געניטיגט אָבצושפּיגלען אין זיך דעם הויפּט-ליטעראַרישען פֿעהלער פֿון „איסקראַ'ס" אַרטיקעל — די אָבגעהאַקטקייט און צושלאָ-גענקייט פֿון געדאַנק.

„דער לעצטער וואָרט פֿון דעם בונד'ישען נאַציאָנאַליזם" — אַזוי איז דער נאָמען פֿון דעם אַרטיקעל אין „איסקראַ". „דער לעצטער וואָרט" — דאָס איז פֿעדעראַציע. פֿאַר וואָס דאָס איז „דער לעצטער וואָרט" — ערקלערט ניט „איסקראַ" אין פֿאַרלאָזט זיך, ווי עס ווייזט אויס, אויף דעם קורצען זכרון פֿון לעזער. דיזער „לעצטער וואָרט" איז אָבער גע-זאָגט געוואָרען נאָך אויף'ן 4-טען צוזאַמענפֿאָהר פֿון „בונד". פֿון יענער צייט איז שוין אַריבער מעהר ווי צוויי יאָהר און אין דיזען משך צייט האָט זיך וועגען דיזען „לעצטען וואָרט" געפֿיהרט אַ פּאָלעמיק צווישען „איסקראַ" און דעם „בונד". דער „וואָרט", וועלכער איז אַרויסגעזאָגט געוואָרען פֿון 4-טען צוזאַמענפֿאָהר, איז פֿון 5-טען צוזאַמענפֿאָהר מעהר ניט ווי איבערגע'חזר'ט געוואָרען, אי דאָס ניט אין אַזאַ שאַרפֿער פֿאָר-מע**. און פלוצלונג נאַ דיר „דער לעצטער וואָרט"!

---

* ד. ה. די שטרעבונג זיך אָבצוטיילען פֿון די איבעריגע.

** דער 4-טער צוזאַמענפֿאָהר האָט באַשלאָסען, אַז דער „בונד" דאַרף אַריינטרעטען ווי אַ פֿעדעראַטיווער טייל אין דער רוסלענדישער פּאַרטיי, וועלכע דאַרף זיין געבויט אויף די יסודות פֿון פֿעדעראַציע. דער פֿינפֿטער צוזאַמענפֿאָהר, געפֿינענדיג אַז פֿעדעראַציע איז בכלל די בעסטע פֿאָרמע פֿון בעציהונגען צווישען סאָציאַלדעמאָקראַטישע אָרגאַ-ניזאַציעס פֿון באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטען אין די גרענעצען פֿון דער רוסלענדישער מלוכה, האָט פֿון דעסטוועגען גערעכענט, אַז די פֿראַגע וועגען די בעציהונגען צווישען באַזונדערע נאַציאָנאַלע גרופּעס אינע-ווייניג אין דער אַלגעמיינער פּאַרטיי דאַרף קודם-כל באַשלאָסען ווערען לויט נאָך די ווירקליכע בעדינגונגען, וועלכע זיינען ניט איינע און די זעלבע פֿאַר באַזונדערע גרופּעס. נעהמענדיג דאָס אין אָנבעטראַכט, האָט דער פֿינפֿטער צוזאַמענפֿאָהר אָנגענומען אַזאַ פֿאָרמולירונג פֿון דער

ווייטער נעהמט אָן דער אַרטיקעל פֿון דער ערשטער שורה אָן ווי א פֿאַקט דעם צוזאַמענהאַנג צווישען נאַציאָנאַליזם און פֿעדעראַציע, ער נעהמט דאָס אָן ווי א זאַך, וועלכע פֿאַרשטעהט זיך פֿון זיך אַליין, ווי א אַקסיאָמע, וועלכע נויטיגט זיך ניט אין קיינע ראיות. אויף אַזאַ אופן זאָגט זיך אויס „איסקראַ" פּרינציפּיעל געגען פֿעדעראַציע ווי געגען א אָרגאַניזאַציאָנס-פֿאָרמע, וועלכע שטעהט אין ווידערשפּרוך מיט די פּרינ-ציפּען פֿון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, און זי שטעלט זיך אויף אַזאַ אופן אין ווידערשפּרוך אפילו מיט דעם, וואָס זי האָט אַליין אַמאָל געדרוקט וועגען דיזער פֿראַגע. אָט וואָס מיר לייענען אין אַרטיקעל „די פּאָלי-טישע סאָציאַלדעמאָקראַטען וועגען בונד", וועלכער איז געווען געדרוקט אין No 41 פֿון „איסקראַ" אָהן א שום אָנמערקונג פֿון דער רעדאַקציע: „די רעגולירונג פֿון די בעציהונגען צווישען נאַציאָנאַלע גרופּעס אינע-ווייניג אין דיזע פּאַרטייען איז נאָר א פֿראַגע פֿון די פּראַקטישע פֿאָ-דערונגען פֿון אַגיטאַציע, וועלכע זיינען ניט איינע און די זעלבע אין פֿאַרשיידענע מלוכות און אין פֿאַרשיידענע צייטען". דער זעלביגער גע-דאַנק ווערט דורכגעפֿיהרט אין אַרטיקעל „וועגען אָרגאַניזאַציע און נאַ-ציאָנאַליטעט" („איסקראַ" No 37), וואָס זיינע מיינונגען זיינען לויט דער באַמערקונג פֿון דער רעדאַקציע גאַנץ די זעלבע ווי איהרע אייגענע. דער געדאַנק פֿון דער אויבענגעבראַכטער ציטאַטע באַשטעהט אין דעם, אַז עס איז ניטאָ קיין איין אָרגאַניזאַציאָנס פֿאָרמע, וואָס זאָל טויגען אומעטום, אַז די אָרגאַניזאַציאָנס פֿאָרמען בייטען זיך נאָך דער צייט און נאָך'ן אָרט, אַז אויב גראָד היינט און דאָ איז גוט אַווטאָנאָמיע, קען מאָרגען און דאָרטען בעסער טויגען פֿעדעראַציע אָדער א וועלכע עס איז אַנדערע פֿאָרמע פֿון בעציהונגען, און אַז בכן קען מען ניט זיין ניט אַבסאָלוט פֿאַר און ניט אַבסאָלוט געגען א וועלכען עס איז טיפּ פֿון אָרגאַניזאַציע. פֿעדעראַציע און נאַציאָנאַליזם זיינען בעצם צוויי פֿאַר-שיידענע זאַכען, וועלכע האָבען גאָר קיין שייכות ניט איינע צו די אַנ-דערע און עס איז גאָר ניטאָ קיין שום גרונד צו ברייינגען זיי אין א צו-זאַמענהאַנג צווישען זיך; אין יעדען פֿאַל האָט „איסקראַ" דיזען גרונד ניט געוויזען.

---

לאַגע פֿון „בונד" אין דער פּאַרטיי, וועלכע זאָל ניט פֿאָראויס באַשטי-מען די אָרגאַניזאַציאָנע פֿראַגע פֿאַר אַנדערע טיילען פון דער פּאַרטיי, סיי פֿאַר די, וועלכע געפֿינען זיך שוין אין דער פּאַרטיי, סיי פֿאַר די, וועלכע קענען אין איהר אַריינטרעטען. דיזע פֿאָרמולי-רונג איז אַזוי: „דער „בונד" איז א פֿעדעראַטיווער טייל פֿון דער רוס-לענדישער פּאַרטיי" — און מעהר ניט.

אָט איז שוין צוויי יאָהר זינט עס קומען פֿאָר ויכוחים וועגען פֿעדעראַציע, און פֿאַר דיזער גאַנצער צייט האָט „איסקראַ" ניט געמאַכט קיין איין פּראָבע אויפֿצודעקען דעם אינעווייניגסטען, לאָגישען צוזאַמענהאַנג צווישען נאַציאָנאַליזם און פֿעדעראַציע. זי האָט נאָר איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל געטענה'ט: האָט איינער געזאָגט „א" דאַרף ער אויך זאָגען „ב", האָט איינער געזאָגט „נאַציאָנאַליזם" דאַרף ער אויך זאָגען „פֿעדעראַציע". — סטיימש, פֿאַר וואָס? — כּשם ווי איך בין דער משגיח, וואָס גיט אַכטינג מען זאָל ריין אָבהיטען די געבאָטען פֿון דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַלדעמאָקראַטיע, לכן קען איך ניט דערלאָזען קיין פֿעדעראַציע פֿאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט ניט! און דערנאָך ווידער דער זעלביגער פּזמון: „ווער עס האָט געזאָגט „א", דער דאַרף זאָגען אויך „ב" א. ז. וו. אין דיזען הינזיכט דערמאָנט „איסקראַ" זעהר גוט די מוטער פֿון דעם בן-סורר-ומורה קאָראָנאַט (ביי שטשעדרין'ען). ווען איהר זוהן, דער סטודענט, האָט אַרויסגעזאָגט זיין פֿאַרלאַנג איבערצוביטען די יוריספּרודענץ אויף מעדיצין, האָט זי אָנגעזאָגט מיט'ן האַרבען וואָרט, אַז ווי אַ מוטער און אַ קריסטין קען זי דאָס בשום אופֿן ניט דערלאָזען. און ווי פֿיל מען האָט מיט איהר דערנאָך וועגען דיזער זאַך ניט גע'טענה'ט, האָט זי אַלץ געענטפֿערט אין איין קול: „איך, ווי אַ מוטער, ווי אַ קריסטין" א. ז. וו.

אָבפּסקענענדיג איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל, אַז פֿעדעראַציע שטעהט אין צוזאַמענהאַנג מיט נאַציאָנאַליזם, געהט אַריבער „איסקראַ" צו באַטראַכטען דעם פּראָיעקט פֿון סטאַטוטען, וועלכען דער 5-טער צוזאַמענפֿאָהר פֿון „בונד" האָט אויסגעאַרבייט. ווי מען האָט געקענט ערוואַרטען, כאַראַקטעריזירט זי דיזע סטאַטוטען ווי אַ „קאָנטראַקט" צווישען „באַזונדערע, גאַנץ זעלבשטענדיגע גאַנצע". דיזע כאַראַקטעריסטיק איז אַ פּשוט'ע איבער'חזר'ונג וואָרט אין וואָרט פֿון דער אַלטער, אַלעמען באַקאַנטער „איסקראַ'שער" באָבע-מעשה, אַז דער „בונד" וויל אַריינטרעטען אין אַ „פֿעדעראַטיווער פֿאַרבינדונג" מיט דער רוסלענדישער פּאַרטיי. מיר האָבען שוין געהאַט די געלעגענהייט (אין בלעטעל „אַווטאָנאָמיע אָדער פֿעדעראַציע?") צו באַווייזען דעם גאַנצען שקר פֿון דיזער בעהויפּטונג. אין דיזען פֿאַל ווערט דאָס אָבגעלייקענט ווי מיט דעם אַלגעמיינעם אינהאַלט פֿון די סטאַטוטען, וועלכער באַווייזט שוואַרץ אויף ווייס, אַז דער „בונד" נעהמט אָן די פּאַרטיי-פּראָגראַמע און אַז ער איז אונטערגעוואָרפֿען אונטער די פּאַרטיי-אינסטאַנצען (דער אַלגעמיינער צוזאַמענפֿאָהר האָט רעכט מבטל צו זיין די בעשלוסען פֿון די צוזאַמענפֿאָהרען פֿון „בונד", דער „בונד" איז אויך מחויב צו פֿאָלגען אַלע באַשטימונגען פֿון צענטראַלען קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי, וועלכע זיינען נוגע

דער גאַנצער פּאַרטיי) אַזוי אויך כפעציעל מיט דעם 1 § פֿון די סטאַטוטען, וועלכער רעדט וועגען פֿאַרלאַנג פֿון „בונד" צו זיין אַ טייל פֿון דער פּאַרטיי און ניט שטעהן מיט איהר אין „פֿאַרבינדונג". אגב, ווי דאָס איז ניט וואונדערליך, פֿאַרבלייבט ניט „איסקראַ" ביז'ן סוף אויף איהר אויסטראַכטונג, אַז דער „בונד" וויל זיך פֿעדערירען מיט דער רוסלענדישער פּאַרטיי, און מיט עטליכע שורות נידעריגער געפֿינען מיר שוין אַ בעהויפּטונג, וועלכע איז פּונקט דער היפּוך פֿון דער פֿריהערדיגער. דער „בונד" — לייענען מיר — „וויל אויסנוצען די פֿעהלערן פֿון דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע,... כדי צו פּראָבירען איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל צוברעקלען דאָס גאַנצע אויף פּיטשינקע שטיקעלאַך" (אונטערגעשטריכעלט פֿון „איסקראַ"). אַלזאָ, פֿון איין זייט וויל דער „בונד" זיך פֿעדערירען מיט דאָס „גאַנצע", פֿון דער אַנדער זייט — וויל ער צוברעכען דיזע „גאַנצע" אויף שטיקלאַך און זיך פֿעדערירען מיט יעדען „שטיקעל" באַזונדער! „מען דאַרף גוט באַקלערען וואָס מען שרייבט און זעהן ווי עס איז ניט דורכצופֿאַלען אין דער פּאָלעמיק" (פֿון די „איסקראַ'שע" משלים, No 36).

וואָס עס איז נוגע אָן דער „פּראָבע" פֿון „בונד" „אויסצונוצען די פֿעהלערן פֿון דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע", פּאַסט ניט, ד'לעבען, פֿאַר „איסקראַ" צו ריידען אַזעלכע דיבורים: דאָס איז דאָך טאַקי זי אַליין, וועלבע וויל אויסנוצען דיזע „פֿעהלערן", כדי דורכצופֿיהרען איהר קאַזאַרמישען, אַראַקטשייעווסקען* אָרגאַניזאַציאָנעם פּלאַן: זי דאַרף אונטערהאַלטען, פֿאַרברייטערן און פֿאַרטיפֿען דיזע „פֿעהלערן", ווייל, ווען זיי וואָלטען ניט געווען, וואָלט מען דעמסטמאָל ניט נאָר ניט קענען דורכפֿיהרען, נאָר מען וואָלט אפילו ניט קענען ריידען וועגען אַראַקטשייעווסטשינע. פֿאַרקעהרט, דעם „בונד" זיינען דיזע „פֿעהלערן" מעהר ניט ווי שעדליך, ווייל אויף זייער גרונט וואַקסען אויס זעהר ווילדע אָרגאַניזאַציאָנע פֿאַנטאַזיעס. נעהמט דעם באַריהמטען אָרגאַניזאַציאָנעם פּלאַן פֿון „איסקראַ": אין וואָס באַשטעהט ער? אין מיטעלפּונקט געפֿינט

---

* אַראַקטשייעוו איז געווען אַ רוסישער מיניסטער אין דער צייט פֿון אַלעקסאַנדער דעם I-טען. זיין אידעאַל איז געווען, צו מאַכען פֿון גאַנץ רוסלאַנד אַ מין וואָיענעם לאַגער מיט אַ קאַזאַרמישער דיסציפּלין. צו דיזען צוועק האָט ער געגרינדעט אין פֿיל דערפֿער „מיליטערישע באַזעצונגען", וואו די איינוואוינער האָבען זיך באַשעפֿטיגט מיט ערד-אַרבייט און אין דער זעלבער צייט האָבען זיי זיך גערעכענט אויף'ן קייזערליכען דינסט און זיינען געווען אונטערגעוואָרפֿען אונטער אַ שטרענגער מיליטערישער דיסציפּלין.

זיך דער אומעטום זייענדיגער (וואָס דערגעהט ביז דעם לעצטען מענשען
אין דער פּאַרטיי) צענטראַלער קאָמיטעט, וועלכער ווערט אָנגעפיהרט
פון אַ גרופּע ליטעראַטאָרען; אויף דער פּעריפעריע * געפינען זיך,
אויסגעגאָסענע נאָך איין פורים—„אַלע יונים מיט איין פנים"—די „רוס-
לענדישע קאָמיטעטען" (ערטערווייז מיט דעפּאַרטאַמענטען פון אידישע,
אַרמענישע אין אַנדערע ענינים), וועלכע טוען קיין איין טריט ניט אָהן
דעם באַפעהל פון „אויבען"; צווישען דער פּעריפעריע און דעם צענטער,
געפינען זיך „לייזע אָרגאַניזאַציעס", אָדער די רויהע מאַסע, וועלכע
ווערט בעאַרבייט דורך „אַגענטען", וואָס באַקומען אויף יעדער זאַך
ספּעציעלע אינסטרוקציעס (אָנווייזונגען) פון צענטער. דער פּלאַן איז אַ
משונה'דיגער, אָבער ער ציהט צו זיך צו דורך זיין קלאָרקייט און דער
עיקר דורך זיין פּראַקטיקייט, וועלכע שליסט אויס וואָסערע ניט איז פאַר-
וויקעלטע אָרגאַניזאַציאָנע פראַגען. צווישען וועמען קען זיך דיזער פּלאַן
געפינען אָנהייגער? נאָר צווישען די, וואָס האָבען ניט קיין שום אָר-
גאַניזאַציאָנע ערפאַהרונג, וואָס האָבען ניט געזעהן קיין שום שטאַרקע,
אויסגעבילדעטע אין קאַמפּף און דורך'ן קאַמפּף אָרגאַניזאַציעס, וואָס
האָבען ניט געהאַט קיין געלעגענהייט זיך איבערצוצייגען, אַז ווען מען
וויל, קען מען גוט רעגולירען די פאַרוויקעלטסטע בעציהונגען, מיט איין
וואָרט, וואָס האָבען גאָר אַ שוואַכע פאָרשטעלונג וועגען דער פאַרווי-
קעלטקייט פון אונזער רעוואָלוציאָנערען לעבען, וועלכער קען ניט אַריינ-
געקוועטשט ווערען אין די איינגע ראַמען פון אַ „פשוט'ען" פּלאַן. נאָר
די אָנהייגער פון אַזאַ פּלאַן זעהען אין יעדער פאָדערונג פון „בונד" אַ
געפאַהר פאַר די יסודות פון דער פּאַרטיי און ווילען אפילו ניט אָנער-
קענען דעם רעכט פון „בונד" צו עקסיסטירען. אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע,
וועלכע איז געוואוינט צו זעלבסטשטענדיגקייט און וועלכע איז אייגג פאַר-
בונדען מיט דער מאַסען-באַוועגונג, מיט איין וואָרט, אַ אָרגאַניזאַציע,
וועלכע לייזט ניט פון די אַזוי-אָנגערופענע „פעהלערען", וואָלט ניט
אַרויסגערופען אַזאַ חשד און אַזאַ ניט-פאַרשטעהן, וועלכע זיינען גע-
וואָרען אַ געוועהנליכע זאַך אין די בעציהונגען פון פיל רוסישע גענאָ-
סען צום „בונד". ניין, „די פעהלערען פון דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַ-
ציע", זיינען צו ניט וויגאָדגע פאַר'ן „בונד", אַז ער זאָל אפילו אַ טראַכט
טאָן „אויסצונוצען" זיי, כדי צו פאַרשטאַרקען זיין לאַגע.

נאָך די אַלגעמיינע באַמערקונגען וועגען אונזערע סטאַטוטען בכלל
הייבט זיך אָן די קריטיק פון דיזע סטאַטוטען נאָך די פונקטען נאָך;

---

* פּעריפעריע הייסט דער אומקרייז, ד. ה. די ליניע, וועלכע
גרענעצט אַרום דעם קרייז.

דערביי זעהט „איסקראַ“ אין יעדען פונקט די פֿאַרקערפּערונג פֿון די „סעפּאַראַטיסטישע“ שטרעבונגען פֿון „בונד“.

1. דער „בונד“ פֿאָדערט פֿאַר זיך אַ „מאָנאָפּאָל“ אויף די פֿערטרעטונג פֿון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט. אַ ראיה — דער § 2 פֿון די סטאַטוטען, וואו עס איז געזאָגט, אַז דער „בונד“, געהט אַריין אין דער פּאַרטיי אַלס דער איינציגער פֿאָרשטעהער פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט. דער וואָרט „איינציגער“ איז אונטערגעשטריכעלט פֿון „איסקראַ“, דאָס הייסט אַלזאָ, אַז דאָ ליגט דער הונד באַגראָבען. מיר האָבען שוין באַוויזען, אַז דיזער וואָרט האָט גיט קיין בעדייטונג, אַז דער, ווען עס געפֿעהלט ניט „מאָנאָפּאָל“, דאַרף אַרויסטרעטען געגען דער אידעע פֿון פֿערטרעטונג בכלל. און ווייטער, ווי באַלד אַז דער „בונד“ איז אַ טייל פֿון דער פּאַרטיי, שטעלט שוין פֿאָר די פּאַרטיי אויך די אינטערעסען פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט, אַלזאָ וועגען „מאָנאָפּאָל“ קען גאָר קיין רייד ניט זיין.

2. אין די סטאַטוטען „איז דורכגעפֿיהרט ביז׳ן סוף (אונטערגעשטריכעלט פֿון „איסקראַ“) די פֿאָלקאָמע אָבטיילונג און אָבגרענעצונג פֿון דעם אידישען און ניט-אידישען פּראָלעטאַריאַט“, וואָס דאָס זעהט זיך קלאָר אַרויס פֿון דעם, וואָס די טעטיגקייט פֿון „בונד“ דאַרף ניט זיין באַגרענעצט מיט קיין שום ראַיאָנע ראַמען. דאָ שטעלען זיך ביי אונז עטליכע קשיות. ערשטענס, פֿאַר וואָס זיינען אונטערגעשטריכעלט די ווערטער „ביז׳ן סוף“, און אויף אַזאַ אופן ווערט געמאַכט אַ׳ן איינדרוק אויף׳ן לעזער, אַז טרף איז נאָר אַ געוויסער גראַד פֿון „אָבטיילונג און אָבגרענעצונג“? אויב „אָבטיילונג און אָבגרענעצונג“ איז בכלל אַ שלעכטע זאַך, דאַרף מען דאָך דאָס ניט דערלאָזען אין קיין שום גראַד. — צווייטענס, אַזוי ווי דער „בונד“ איז אַ אָרגאַניזאַציע פֿון אידישען פּראָלעטאַריאַט, וועט ער — מעג זיך זיין טעטיגקייט זיין באַגרענעצט מיט ראַיאָנע ראַמען אָדער ניט — אין אַלע פֿאַלען אַרבייטען כמעט אויסשליסליך צווישען די אידישע אַרבייטער און, אַלזאָ, די „אָבטיילונג און אָבגרענעצונג“, וועט אַלע מאָל עקסיסטירען אַזוי ווי זי עקסיסטירט איצט אין ליטא, פּוילען און אין אַנדערע ערטער. ווי זשע זאָל זיין? פֿאָלגט דען ניט דערפֿון מיט אַ לאָגישער נויטיגקייט, אַז דער „בונד“, וועלכער איז נאָך זיין עצם נאָך דער קוואַל פֿון „אָבטיילונג און אָבגרענעצונג“, דאַרף אַזוי אָדער אַנדערש, מיט אַ מאָל אָדער ביסלאַכווייז, פֿאַרניכטעט ווערען? מיר רעכענען, אַז ווי באַלד מען האָט פֿאָראויס אָנגענומען די שעדליכקייט פֿון „אָבטיילונג און אָבגרענעצונג“ — קען שוין אויף דיזער פֿראַגע זיין נאָר איין ענטפֿער: יע. איז דען ניט קלאָר, אַז „איסקראַ“ וויל די פֿאַרניכטונג פֿון „בונד“? „עס איז ניטאָ וואָס צו שפּילען

זיך אין באַהאַלטענעש, מיינע העררען, ! דאָס איז אי ניט קלוג, אי ניט
אָנשטענדיג" (פֿון „איסקראַ'ס" משלים, No 33). האָט שוין אַ מאָל
דעם מוט אָפֿען אַרויסצוזאָגען דאָס, וואָס איהר טראַכט. — דריטענס,
פֿאַרוואָס איז די צוגעהעריגקייט פֿון אַרבייטער צו פֿאַרשיידענע אָרגאַ-
ניזאַציעס, וועלכע אַרבייטען אין איין פּאַרטיי, איינס און דאָס זעל-
בע ווי אַ „פֿאָלקאָמע אָבטיילונג און אָבגרענעצונג" ? האָבען מיר דאָ
ניט צו טאָן מיט „אַ פֿערגוואַלטונג פֿון פֿאַרשטאַנד און יושר" ? צו דיזען
געדאַנק האָט אונז געבראַכט דער פֿאָלגענדער פֿאַקט. דעם 19 אָקטאָ-
בער 1902 יאָהר איז פֿאָרגעקומען אין בערלין אַ קאָנפֿערענץ כדי צו
מאַכען אַ פשרה צווישען די פּ. פּ. ס. פֿון דייטשלאַנד און די
דייטשע סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי. ראָזע לוקסעמבורג האָט
פֿאָרגעלייגט איהר פּראָיעקט פֿון אַ אָבמאַך, פֿון וועלכען מיר וועלען
ברייגנען צוויי פּונקטען, וואָס זיינען נוגע דער „אָרגאַניזאַציע" : „די פּוי-
לישע סאָציאַליסטען אין דייטשלאַנד בילדען אויס אַ פּאַרטיי, וועלכע
טרעט אַרויס אונטער דעם נאָמען „די פּוילישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע
פֿון דייטשלאַנד"; דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון דער פּוילישער
סאָציאַלדעמאָקראַטיע באַשעפֿטיגט זיך מיט די ענינים, וואָס זיינען נוגע
אַלע פּוילישע גענאָסען פֿון דייטשלאַנד" *. ווי איהר זעהט, דאָ איז
אויך „דורכגעפֿיהרט ביז'ן סוף אַ פֿאָלקאָמע אָבטיילונג און אָבגרענע-
צונג" פֿון פּוילישען און ניט-פּוילישען פּראָלעטאַריאַט און איז „פֿאַרפֿעס-
טיגט מיט אַ נאָטאַריאַלען קאָנטראַקט". אָט די „אָבטיילונג און אָבגרע-
נעצונג" רעקאָמענדירט ניט קיין אַנדערער, ווי ר. לוקסעמבורג, אַ
מענש, וועלכען קיינער וועט זיך ניט ערוואַגען צו חושד זיין אין נייגונג
צו „נאַציאָנאַליזם" און „סעפּאַראַטיזם". אַלזאָ, די אַרבייט אין פֿאַרשיי-
דענע אָרגאַניזאַציעס, ביי דער בעדינגונג ווען זיי אַלע געפֿינען זיך אין
איין פּאַרטיי, האָט גאָר ניט צו טאָן מיט קיין „אָבטיילונג און אָבגרע-
נעצונג".

3. דער „בונד" פֿאָדערט אַ „מאָנאָפּאָל" אויף דעם אידישען אַר-
בייטער, דער „בונד" וויל, אַז די גאַנצע אידישע באַפֿעלקערונג זאָל זיין
אָנערקענט ווי זיין אויסשליסליכער אייגענטום און אַז קיינער חוץ דעם
„בונד" זאָל זיך ניט סמעיען צו ווענדען צו דער אידישער נאַציאָן.
„איסקראַ" שרייבט: „ווי ווייניג עס זאָל ניט זיין אין אַ געוויסען אָרט
די צאָהל פֿון אידישע אַרבייטער, ווי ווייט דיזער אָרט זאָל זיך ניט
געפֿינען פֿון דעם צענטער פֿון דער בונד'ישער אָרגאַניזאַציע—קיין
שום טייל פֿון דער פּאַרטיי, אפילו דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון דער

* זעה „פּעטערסוויט" No 5, 1903 יאָהר, ז. 181.

פּאַרטיי, טאָר זיך ניט ערוואַגען זיך צו ווענדען צום אידישען פּראָלעטאַריאַט אָהן דער הסכמה פֿון צענטראַלען קאָמיטעט פֿון „בונד“! עס גלויבט זיך ניט, אַז מען זאָל קענען אַזאַ זאַך פֿאָרלייגען — אויף אַזוי פֿיל איז משונה׳דיג-ווילד דיזע פֿאָדערונג פֿון מאָנאָפּאָל, איבערהויפּט ביי אונזערע רוסישע בעדינגונגען — אָבער די §§ 2 און 8 (אָנמ.) פֿון פּראָיעקט פֿון די סטאַטוטען לאָזען ניט איבער קיין אָרט פֿאַר קיין שום ספקות“. מיר האָבען געוואוסט, אַז „איסקראַ“ איז אויף אַלין „פֿייהיג“ אין קאַמפּף מיט׳ן געגנער, און דאָך האָט אפילו אונז אַ ביסל געוואונדערט יענע אונפֿאַרשעמטהייט, מיט וועלכער „איסקראַ“ האָט איבערגעדרעהט דעם געדאַנק פֿון די פּונקטען פֿון די סטאַטוטען. דער § 2 זאָגט, אַז דער „בונד“ שטעלט פֿאָר אין דער פּאַרטיי די אינטערעסען פֿון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט און אַז ער האָט רעכט צו גרינדען זיינע קאָמיטעטען און אָרגאַניזאַציעס אומעטום, וואו עס געפֿינט זיך אַ אידישע אַרבייטערמאַסע. ווי אַזוי קען מען דערפֿון שליסען, אַז דער אידישער אַרבייטער, וואו ער זאָל ניט זיין, אפילו אין אַזאַ שטאָדט, וואו דער „בונד“ אַרבייט ניט, מוז לחלוטין געהערען דעם „בונד“ — הייבען מיר ניט אָן צו פֿאַרשטעהן. „די פֿאָדערונג פֿון מאָנאָפּאָל“, וועלכע „איסקראַ“ האָט אויסגעקלערט, באַדייטעט אין דער פּראַקטיק ניט מעהר און ניט ווייניגער, ווי פֿאָלגענדעס: אויב אין אַ וועלכער עס איז שטאָדט געפֿינט זיך אַ אידישער אַרבייטער, בערדיל אָדער שמעריל, האָט קיינער קיין רעכט ניט אַריינגעהן מיט איהם אין בעציהונגען: אָדער מען דאַרף וואַרטען ביז אין יענער שטאָדט וועט זיך אויסבילדען אַ אָרגאַניזאַציע פֿון „בונד“, וועלכע וועט איהם אַריינגעהמען אין איהרע רייהען, אָדער, אויב דער „בונד“ אַרבייט שוין אין דיזער שטאָדט, דאַרף מען וואַרטען ביז די אָרגאַניזאַציע פֿון „בונד“ וועט זיך ניט אָנשטויסען אויף דיזען אַרבייטער און וועט איהם ניט פֿאַרנעהמען צו זיך, אָדער, אויב עס ווילט זיך ניט וואַרטען, דאַרף מען זיך ווענדען צום צענטראַלען קאָמיטעט פֿון „בונד“ נאָך אַ ערלויבעניש „צוצוטרעטען“ צו דיזען אַרבייטער! ווי דאָס איז ניט משונה׳דיג ווילד, אָבער אַזוי איז פֿאָרט דער געדאַנק פֿון דער אויבענגעבראַכטער ציטאַטע פֿון „איסקראַ“.

די אָנמערקונג צום § 8 זאָגט: „ווען די אַנדערע צדדים, וואָס געהען אַריין אין אָבמאַך, ווענדען זיך צום אידישען פּראָלעטאַריאַט, פֿאָדערט זיך די הסכמה פֿון צענטראַלען קאָמיטעט פֿון בונד“. די בעדייטונג פֿון דיזער אָנמערקונג איז שוין ערקלערט אין די סטאַטוטען-מינימום. כדי צו פֿאַרשטעהן איהר געדאַנק דאַרף מען זיך אָבגעבען אַ רעכענונג אין דעם, וואָס הייסט „די אָבמאַכענדע צדדים“. אַ „אָבמאַכענדער צד“ קען ניט זיין ניט קיין אָרטיגע, ניט קיין ראַיאָנע אָרגאַניזאַ-

ציע; דער „בונד" וועט גיט געהן אָבמאַכען ניט מיט דעם יעקאַטערי-נאָסלאַוער קאָמיטעט, ניט מיט דעם צפון-רוסישען בונד, — דאָס פֿאַר-שטעהט זיך פֿון זיך אַליין. א „אָבמאַכענדער צד" קען זיין נאָר אַזאַ מין פֿאַראייניגטער, צונויפֿגעזעצטער טייל פֿון דער פאַרטיי, ווי דער „בונד", אויב, למשל, די רוסישע קאָמיטעטען (דער פעטערבורגער, מאָסקווער א. ז. וו.) וואָלטען זיך צוזאַמענגיסען אין איין אָרגאַניזירטע גאַנצע (אין א רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטישע פאַרטיי), וואָלטען מיר דאַן געהאַט א „אָבמאַכענדען צד"; די זעלביגע זאַך ווען אין דער פאַר-טיי וואָלטען זיך געפֿונען די פוילישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע, די ליטווי-שע, די לאַטווישע — וואָלט יעדערע פֿון זיי געווען א „אָבמאַכענדער צד". אויף דער פראַקטיק וואָלט די זאַך פֿאָרגעקומען אַזוי: אויב דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון דער פוילישער סאָציאַלדעמאָקראַטיע וואָלט וועלען זיך ווענדען מיט אַ'ן אויפֿרוף צום גאַנצען אידישען פראָלעטאַ-ריאַט, וואָלט ער אויף דערויף דאַרפֿען באַקומען די הסכמה פֿון צענט-ראַלען קאָמיטעט פֿון „בונד", און פֿאַרקעהרט: אויב דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון „בונד" וואָלט דאַרפֿען זיך ווענדען מיט אַ'ן אויפֿרוף צום פוילישען פראָלעטאַריאַט, וואָלט ער דאָס ניט קענען טאָן אָהן דער הסכמה פֿון דעם צענטראַלען קאָמיטעט פֿון דער פוילישער סאָציאַלדע-מאָקראַטיע. וואָס עס איז שייך צו באַזונדערע קאָמיטעטען, זיינען זיי ערשטענס ניט קיין אָבמאַכענדע צדדים, און צווייטענס קענען זיי זיך ניט ווענדען צום אידישען פראָלעטאַריאַט בכלל, נאָר צו די אידישע אַרביי-טער פֿון יענער שטאָדט, וואו זיי אַרבייטען, אָט דערייבער איז די אָנ-מערקונג זייער ניט נוגע. די זעלביגע זאַך איז זי ניט נוגע אויך דעם אַלגעמיינעם צענטראַלען קאָמיטעט פֿון דער פאַרטיי; דער צענטראַלער קאָמיטעט פֿון דער פאַרטיי איז דער אָנפֿיהרענדער און עקזעקוטיווער אָרגאַן פֿון דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע, וועלכע שליסט איין אין זיך אַלע „אָבמאַכענדע צדדים", און קען זיין פֿאָרגעשטעלט ווי א „אָבמאַ-כענדער צד" נאָר אין דער בייזער, צוהיצטער פֿאַנטאַזיע פֿון „איסקראַ". די אָנמערקונג צום § 8 באַגרענעצט אויף א האָר ניט די רעכטען פֿון צענטראַלען קאָמיטעט פֿון דער פאַרטיי צו ווענדען זיך צום אידישען פראָלעטאַריאַט בכלל, און די רעכטען פֿון יעקאַטערינאָסלאַווער אָדער פֿון אַ'ן אַנדער קאָמיטעט — צו ווענדען זיך צו די אידישע אַרבייטער פֿון דער אָדער יענער שטאָדט.

4. דער 5-טער צוזאַמענפֿאָהר האָט באַשלאָסען אַרויסצוגעבען איין מאָל אין חודש „די לעצטע נאַכריכטען" אין דער פֿאָרמע פֿון א צייטונג. דאָס איז די טשיקאַווענסטע ראיה וועגען דעם „סעפּאַראַטיזם" פֿון „בונד". אויף דעם ליטעראַרישען מאַרק דאַרף גאָרנישט ניט זיין חוץ דער ליטעראַ-

טור פֿון „איסקראַ“; יעדע אַנדערע ליטעראַטור באַווייזט מעהר ניט ווי „דעם פֿאַרלאַנג אָבצוגעהן נאָך ווייטער פֿון די רוסישע חברים“, און מען דאַרף אויף איהר אַרויפֿלייגען אַ חרם. דאָס וואָס איז כאַראַקטעריסטיש אין דיזען פֿאַל, איז ניט די פֿאָדערונג פֿון ליטעראַרישען מאָנאָפּאָל, וועלכע איז פּראָסט מעשה חוזק, נאָר דאָס, וואָס אַזעלכע פּרעטענזיעס קענען האָפֿען אויף אַ צושטימונג, אַנדערש וואָלט מען זיך דאָך ניט ערוואַרגט זיי אַרויסצורײדען.

5. דער 5-טער צוזאַמענפֿאָהר האָט מבטל געמאַכט דעם בע-שלוס פֿון 4 טען צוזאַמענפֿאָהר וועגען דער טעטיגקייט אין דרום-רוסלאַנד. עס איז אַ חידוש, וואָס דיזע באַשטימונג האָט אַזוי איבעראַשט „איסקראַ“. ווי באַלד, אַז דער צוזאַמענפֿאָהר האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז דער „בונד“ קען ניט זיין באַגרענעצט אין זיין טעטיגקייט מיט קיינע ראַיאָנע ראַמען, האָט ער שוין אויך געדאַרפֿט מבטל זיין די רעזאָלוציע, וועלכע באַגרענעצט זיין טעטיגקייט אין דרום-רוסלאַנד. דאָס איז געוועזן נאַטירליך און אונפֿערמיידליך. אָבער די מעשה באַשטעהט ניט אין דעם. עס איז אינטערעסאַנט, אַז אפילו אין דיזען פֿאַל האָט זיך „איסקראַ“ ניט געקענט באַגעהן אָהן אַ פֿאַרפֿעלשונג. „ווי עס איז באַקאַנט — אַזוי שרייבט זי — האָט דער 4-טער צוזאַמענפֿאָהר פֿון „בונד“ באַשלאָסען, אַז אין די שטעדט פֿון דרום-רוסלאַנד, וואו די אידישע אָרגאַניזאַציעס געהען אַריין אין די קאָמיטעטען פֿון דער פּאַרטיי, זאָל מען קיין באַזונדערע קאָמיטעטען פֿון „בונד“ ניט גרינדען“. דאָס איז פֿאַלש. דיזע פֿראַגע איז ניט געווען פֿאַרענטפֿערט אין אַזאַ באַשטימטער פֿאָרמע. דיזער פּונקט פֿון דער רעזאָלוציע פֿון 4-טען צוזאַמענפֿאָהר וועגען דער טעטיגקייט אין דרום-רוסלאַנד זאָגט: „אין די שטעדט, וואו די אידישע אָרגאַניזאַציעס געהען אַריין אַלס אַ טייל אין די קאָמיטעטען פֿון דער „פּאַרטיי“ און וואו זייערע באַדערפֿענישען קענען זיין פֿאָלקאָם באַפֿרידיגט, ניט זייענדיג אויסגעטיילט פֿון די קאָמיטעטען, און ווען דיזע אויסטיילונג קען שעדליך ווירקען אויף דער רוסישער אַרבייטער-באַוועגונג — דאַרף מען קיין באַזונדערע קאָמיטעטען פֿון „בונד“ ניט מאַכען“*. ווי דער לעזער זעהט, פֿאַרוועהרט ניט דיזע רעזאָלוציע צו גרינדען קאָמיטעטען פֿון „בונד“ „אין די שטעדט, וואו“ א. ז. וו., פֿאַרקעהרט, זי דערלאָזט זייער גרינדונג, נאָר ביי געוויסע בעדינגונגען. די ווערטער, וועלכע מיר האָבען אונטערגעשריכעלט און וועלכע גיבען צו דער רעזאָלוציע

---

* זעה די בראָשורע: דער 4-טער צוזאַמענפֿאָהר פֿון אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטערבונד“. זייטע 47.

אַ כאַראַקטער פֿון אַ תנאי, האָט „איסקראַ" דורכגעלאָזען — ווי עס ווייזט אויס מיט דער כונה, צו באַווייזען דעם לעזער, וואָס פֿאַר אַ טיפֿער תהום עס ליגט כלומרשט צווישען די באַשטימונגען פֿון ביידע צוזאַמענפֿאָהרען פֿון „בונד" אין דער פֿראַגע וועגען דרום-רוסלאַנד. די רעזאָלוציע פֿון 4-טען צוזאַמענפֿאָהר האָט ניט געהאַט און האָט ניט געקענט האָבען קיין פראַקטישע בעדייטונג, ווייל זי שטעלט די גרינדונג פֿון בונד'ישע קאָמיטעטען אין דרום-רוסלאַנד אין אָבהענגיגקייט פֿון אַזעלכע בעדינגונגען, וועלכע מען קען ניט פונקטליך אויסרעכענען. יענע דינינקע, שוואַכינקע ווענטלאַך, וועלכע דער 4-טער צוזאַמענפֿאָהר האָט געפּרובירט אַנידערשטעלען, כדי צו פֿאַרהאַלטען די פֿאַרברייטערונג פֿון ראַיאָן פֿון „בונד", האָט דער לעבען אומגעוואָרפֿען: אין דעם משך פון צוויי יאָהר, וואָס זיינען אריבער זינט דעם 4-טען צוזאַמענפֿאָהר, זיינען אויסגעוואַקסען בונד'ישע אָרגאַניזאַציעס אין איינגע שטעדט פֿון דרום-רוסלאַנד, אפילו אין אַדעס — נעבען דעם „רוסלענדישען" קאָמיטעט. די רעזאָלוציע פֿון 5-טען צוזאַמענפֿאָהר האָט נאָר געגעבען אַ הסכמה אויף דעם פֿאַקט, וועלכער איז שוין פֿאָרגעקומען פֿריהער. און אויב ניט קוקענדיג אויף דעם, כאַראַקטעריזירט „איסקראַ" דיזע רעזאָלוציע ווי „אַ גרויסען טריט צו די ווייטערע אָבזונדערונג", ווי אַ פשוט'ע קאַמפּף-ערקלערונג געגען די חברים פֿון דרום-רוסלאַנד", ערקלערט זיך דאָס אָדער דורך דעם, וואָס זי האָט די פֿאַקטען פֿאַרגעסען, אָדער דורך דעם, וואָס זי מאַכט זיך מיט אַ כיון ניט וויסענדיג פֿון זיי — כדי נאָך מעהר מבייש צו זיין דעם „בונד".

דער 6-טער פונקט רעזומירט אַלע פֿריהערדיגע. דער „בונד" וויל „בויען באַזונדערע ווענד אין יעדער שטאָדט, שטעדטעל, דאָרף" (אין דעם ברען פֿון דער פּאָלעמיק האָט „איסקראַ" פֿאַרגעסען, אַז אידען האָבען קיין רעכט ניט צו וואוינען אין די דערפֿער) און „מאַכט צו גאָרנישט (אונטערגעשטריכעלט פֿון „איסקראַ") דעם גרויסען געבאָט וועגען דער דערנעהנטערונג און פֿאַראייניגונג פֿון די פּראָלעטאַריער פֿון אַלע נאַציאָנען, פֿון אַלע ראַסען, פֿון אַלע שפּראַכען". אַלזאָ, דער „בונד" האָט צוטראָטען מיט די פֿיס „געמאַכט צו גאָרנישט" דעם אינטערנאַציאָנאַלען אויפֿרוף: „פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער פֿאַראייניגט אייך"! „איסקראַ", ווי עס ווייזט אויס, מיינט גאָר ניט אויף קאַטאָווער, אַז מיט דיזען אויפֿרוף האָבען מאַרקס און ענגעלס געוואָלט זאָגען, אַז די פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער דאַרפֿען זיך צונויפֿקלייבען אונטער איין אָרגאַניזאַציאָנעם דעכיל. אַזאַ פּירוש אויף דעם געבאָט פֿון די גרינדער פֿון וויסענשאַפֿטליכען סאָציאַליזם קען מען על כל פנים ניט אָבזאָגען אין אָריגינאַליטעט.

דאָס, וואָס דער „בונד" האָט צוטראָטען מיט די פֿיס דעם געבאָט פֿון מאַרקס און ענגעלס, איז שוין אַליין אַ גרויסער חטא; נאָר נאָך ערגער איז דאָס, וואָס דערביי האָט ער נאָך אַרויסגעוויזען אַ גרויסע שטיק צבועיאַצטווע: צוטרעטענדיג מיט די פֿיס דעם אינטערנאַציאָנאַלען לאָזונג אין דער רעוואָלוציע וועגען דער לאַגע פֿון „בונד" אין דער פּאַרטיי, פֿאַרבייגט ער זיך העפֿליך פֿאַר דעם זעלביגען לאָזונג אין דער רעוואָלוציע וועגען פּאָגראָמען, אין וועלכער עס ווערט אויסגעדריקט די איבערצייגונג, אַז נאָר דער פֿאַראייניגטער קאַמפּף פֿון די פּראָלעטאַריער פֿון אַלע נאַציאָנען וועט אין וואָרצעל פֿאַרניכטען יענע בעדינגונגען, וועלכע רופֿען אַרויס אַזוינע פֿאַקטען, ווי די קישינעווער. „איסקראַ" זאָגט, אַז האָבענדיג אין זינען אונזערע סטאַטוטען, קלינגען די ווערטער וועגען „פֿאַראייניגטען קאַמפּף" ווי אַ „ביטערע ליצנות" און פֿון זיי שמעקט מיט רמאות (פֿאַלשקייט). „רמאות", „ביטערע ליצנות" — דאָס איז שטאַרק געזאָגט... נאָר מיר וועלען פֿרעגען „איסקראַ": צו מיינט זי טאַקי ערנסט, אַז „דער פֿאַראייניגטער קאַמפּף" איז מעגליך נאָר אין איין כאָרט, אָרגאַניזאַציע — נאָך'ן מוסטער, וועלכען „איסקראַ" לייגט פֿאָר, און אַז אין יעדען אַנדערען מין אָרגאַניזאַציע קען קיין פֿאַראייניגטער קאַמפּף ניט זיין? און ווען וויל „איסקראַ", במחילה, איבערצייגען — זיך אויסדריקענדיג מיט די ווערטער פֿון שטשעדרין'ס אַ העלד, גלומאָוו — מיט אַזעלכע, במחילה, פּוסטע דודעס? אַ פּנים אָט די... וועלכע זעהען ניט און הערען ניט גאָרנישט און נאָך יעדען ווילדען אָנפֿאַל פֿון „איסקראַ" אויף דעם „בונד" שרייען זיי מלא רציחה: כאַפּט איהם! קלאַפּט איהם!

דער אַרטיקעל פֿון „איסקראַ" ענדיגט זיך מיט אַ טיף כאַראַקטעריסטישע פֿראַזע, וועלכע מיר וועלען ברייגנען אין גאַנצען: „זאָלען די גענאָסען פֿון „בונד" אַ טראַכט טאָן איבער דיזע ווערטער, אויב עס איז נאָך ניט שפּעט, זאָלען זיי גוט אַ טראַכט טאָן וועגען דעם, וואוהין זיי געהען!"

ווי פֿיל יעזואיטישע פֿאַלשקייט איז אַריינגעלייגט אין דיזע עטליכע ווערטער! צו דען, רבותי, האָט איהר אין גאַנצען אָנגעוואָרען יעדע חרפּה און בושה?

---

פּרייז: 1 פּעני, 2 סענט, 10 פּפֿ., 10 סאַנטים.

Abraham Nathanson, 17, Montem Road, Forest Hill, London, S.E. ENGLAND.